ש. ז. שרגאי

# די רביים פונעם איזשביצע-ראַדזינער חדר

## זייער וועלטבליק און לערן-וועג

ISBN:0-657-12680-2



פאַרלאַג אונזער וועג פּאַריז

1972

ש. ז. שרגאי

# די רביים פונעם איזשביצע־ראַדזינער חדר

## זייער וועלטבליק און לעבנס-וועג

תמוז ה'תשל"ב — יוני 1972

פאַרלאַג „אונזער וועג" פאַריז

## פונעם זעלבן מחבר זיינען דערשינען אין פאַרלאַג „אונזער וועג״:

1) דער יידישער שבת

2) וווהין ?

3) יידישע שמועסן

4) פורים — פסח

# א

דער גרינדער פון איזשביצע־ראדזינער חסידות איז געווען רבי מרדכי יוסף ליינער פון טאָמאַשאָוו־לובעלסק (קאָנגרעס־פּוילן). *) זיין יחוס ציט זיך, ווי עס שרייבט זיין אייניקל, רבי גרשון חנוך העניך, ביז רש"י, וואָס זיין יחוס ציט זיך ביז רבי יוחנן הסנדלר, וועמענס יחוס האָט זיך געצויגן ביז רבן גמליאל הזקן.

דער איזשביצער איז געווען איינער פון די גרויסע תלמי־דים פונעם פּשיסכער רבין, ר' שמחה בונים, אין וועמענס חדר ער האָט זיך אויפגעהאַלטן ניין יאָר. נאָך דער הסתלקות פונעם פּשיסכער איז דער איזשביצער געוואָרן די רעכטע האַנט פונעם קאָצקער רבין, ר' מנחם מענדל אין משך פון דרייצן יאָר. מיטן איבערברוך אין קאָצק און דערנאָך דעם „פאַרשליסן" זיך פונעם קאָצקער האָבן זיך די וועגן געשיידט, און נאָך דרייצן יאָר צוזאַמען זיין מיטן קאָצקער רבין, האָט דער איזשביצער אָנגעהויבן פירן אַליין אַן עדה חסידים.

דער איזשביצער איז נישט געווען דער איינציקער וואָס איז נישט מיטגעגאַנגען אינעם „פאַרשלאָסענעם־אָפּגעזונדערטן" חדר. אויך אַלע אַנדערע קאָצקער תלמידים האָבן נישט מקבל געווען די שיטה פון „אָפּגעזונדערטקייט", פון „אָפּגעשלאָסנקייט". זיי

---

*) געבוירן אין יאָר תק"ס, נסתלק געוואָרן ז' טבת תרי"ד.

האָבן אָבער נישט פאַרלאָזט קאָצק. ערשט נאָך דער הסתל־קות פונעם קאָצקער, האָבן זיינע תלמידים, וועלכע זיינען נישט מיטגעגאַנגען מיטן איזביצער, אָנגעהויבן פירן חסי־דישע עדה׳ס און געגאַנגען זייער אייגענעם וועג, קיינער פון זיי האָט נישט ממשיך געווען דעם וועג פון קאָצק, דעם וועג פון אָפּזונדערן זיך און אָפּשליסן זיך פון דער וועלט.

**
*

איזביצער תלמידים, ווי רבי לייבעלע אייגער, רבי צדוק הכהן פון לובלין און אַנדערע גדולי תורה און חסידות, האָבן געזען אינעם איזשביצער דעם „איבעראַשנדן עמקן", וועלכער אַנטפּלעקט און עפנט דעם מקור און וואָרצל פון יעדער פראַגע, וועלכער באַמיט זיך צו באַלויכטן די באַהאַלטענע וועגן און געשעענישן פון אַלע דערשיינונגען אין דער מענטשלעכער און באַזונדערס אין דער יידישער געשיכטע, אָנהויבנדיק פון „בראַ־שית ברא" און „ויברא אלוקים את האדם" ביז דעם „אחרית הימים".

**
*

דרייצן יאָר האָט רבי מרדכי יוסף געפירט זיינע טישן. זיינע תורות זיינען געזאַמלט דורך זיינע חסידים אין זיין ספר „מי־השלוח" (אין צוויי חלקים) אויף פרשיות השבוע, און אויף געוויסע שטעלן אין נ"ך און אין ש"ס. נאָך זיין הסתלקות האָט זיין זון רבי יעקב ממשיך געווען אין ראַדזין, — פון אים איז אונז געבליבן דער ספר „בית־יעקב", אין וועלכן ער איז ממזג חקירה מיט קבלה, און ספר „הזמנים" אויף דער הגדה של פסח ; נאָך ר׳ יעקב׳ן — זיין זון רבי גרשון חנוך העניך, דער מחדש פון

תכלת — פון אים איז אונז געבליבן, חוץ זיינע ספרים אויף תכלת און די ספרים: „סוד ישרים", „תפארת החנוכי", „דלתות שערי העיר", „ארחות חיים" — אויף דער צוואה פון רבי אליעזר הגדול — זיין געוואַגטער ספר „סדרי טהרות" אויף מסכת כלים און מסכת אהלות (אויף מסכת נגעים האָט דער לעצטער רבי אָנגעהויבן דרוקן, אָבער צוליב דעם היטלער־חורבן, איז לא אסתייע מילתא), אין וועלכן ער האָט פון אַלע מקורות אין ש"ס בבלי וירושלמי, און אין מדרשי תנאים ואמוראים, מכילתא, ספרא וספרי, צוריקגעשטעלט אַ מעין־גמרא אויף טהרות, — ער האָט אין זיינע ספרים, באַזונדערס אין זיין „הקדמה" און אין זיין „פתיחה" *) צו זיין פּאָטערס „בית־יעקב" — פאַרטיידיקט דעם רמב"ם קעגן זיינע אָנגרייפער. נאָך זיין הסתלקות האָט ממשיך געווען זיין זון רבי מרדכי יוסף אלעזר אין ראדזין און נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה — אין וואַרשע. ער איז דער מחבר פון „תפארת יוסף" אויף תורה, אויף ימים טובים און אויף מאמרי חז"ל. נאָך זיין הסתלקות האָט ממשיך געווען זיין איינציקער זון, דער לעצטער רבי, רבי שמואל שלמה הי"ד.

***

דער לעצטער רבי האָט אין צווייטן וועלט־קריג גערופן די יידן פון פוילן צו אַ ווידערשטאַנד קעגן די דייטשן, אַליין זיך געשטעלט אין דער שפּיץ פון פּאַרטיזאַנער־גרופּן, מרעיש עולמות געווען קעגן די יודענראַטן. צום סוף, איז ער דורך אַ מסירה

---

*) די „הקדמה" און די „פתיחה" זיינען צוויי ספרים יסודותדיקע וועגן חסידות אויך אינעם היסטאָרישן זין.

אריינגעפאלן אין די הענט פון די דייטשן און איז דורך זיי דער־שאָסן געוואָרן אין וולאָדאווע, ערב ראש חודש סיון ה״א תש״ב, אין דער אָנוועזנהייט פון אַן עולם יידן, וועלכע די דייטשן האָבן ספּעציעל אַרויסגעטריבן צום מאָרד־פּלאַץ, און אין דער אָנ־וועזנהייט פון דייטשן און פּאָליאַקן, וועלכע האָבן דאָס דער־שיסן פונעם רבין אויפגענומען מיט ווילדן געלעכטער און פּאַ־טשעריי.

ווען דער רבי איז פאַרבייגעגאַנגען די יידן, האָט ער צו זיי געשריגן: „יידן! גיט אייך נישט אונטער צו די מערדער, אַנטלויפט און ראַטעוועט זיך, ווי אַזוי איר קענט נאָר — „שמע ישראל ד׳ אלוקינו — ד׳ אחד!״. אַ סאַלב פון די דייטשע מער־דער איז געווען דער ענטפער. אַזוי האָט דער לעצטער רבי הי״ד אויסגעהויכט זיין הייליקע נשמה.



דער דיכטער, דערציילער און דערציער, יצחק קאַצנעלסאָן הי״ד, האָט פאַראייביקט די גייסטיקע געשטאַלט פונעם לעצטן רבין אין זיין פּאָעמע: „דאָס ליד פון ראַדזינער״, וועלכעס ער האָט געשריבן אין יידיש. די פּאָעמע איז געדרוקט געוואָרן אין „כתבים אחרונים״ („לעצטע שריפטן״) פון יצחק קאַצנ־עלסאָן, אַרויסגעגעבן דורך דעם קיבוץ המאוחד; די פּאָעמע איז אויך דערשינען אין די זעלבע „שריפטן״ אין העברעאישער איבערזעצונג, דורך מ. ז. ולפובסקי.

מיטן טויט פונעם לעצטן רבין און פון זיין פאַמיליע איז פאַרשניטן געוואָרן פונעם יידישן לעבן די לעצטע צווייג פון איזשביצער־ראַדזינער חסידות, כאָטש עס זיינען דאָ אָפּצווייגן

פון דער ראדזינער משפּחה אין תל־אביב און אין ניו־יאָרק. די לעצטע צייט האָבן די ראדזינער חסידים אין ארץ־ישראל גע־קרוינט אלס רבי־ממשיך פון ראדזינער חסידות, דעם רב רבי אברהם יששכר ענגלאַרד שליט"א, דעם לעצטן רבינס שוואָגער, וועלכער האָט פאַרלוירן זיין פרוי, דעם לעצטן רבינס שוועסטער, און זייערע קינדער, וועלכע זיינען אומגעקומען דורך די דייטשן.

די ראדזינער חסידים דאָ אין לאַנד, בויען אויך אויף אין בני־ברק, אַ ראדזינער בית מדרש און אַ ישיבה. מען האָפט, אַז דער רבי וועט איבערלאָזן אַמעריקע און עולה זיין קיין ארץ־ישראל, ווו עס וואַרטן אויף המשך זיינע חסידים, ראדזינער שטיבלעך אין ירושלים, תל־אביב, חיפה, בני־ברק און אין נתניה.

ראדזינער חסידים אין ארץ־ישראל האָבן דאָ באַנייט צום ערשטן מאָל נאָך הונדערטער יאָרן דאָס פאַרבן תכלת צו ציצית פון חילזון־פיש, וועלכער געפינט זיך אינעם ים פון חיפה, אַזוי אַז ראדזינער חסידים זיינען ממשיך צו טראָגן תכלת אין די ציצית, און זיינען משפּיע אויך אויף פיל אַנדערע חסידים און לומדים; צווישן נישט־ראדזינער חסידים, וואָס האָבן אויך אָנגעהויבן טראָגן תכלת, געפינען זיך בראַסלאַווער חסידים, דער נזיר, רבי דוד הכהן שליט"א, הרב רבי יעקב בערמאַן, הרב רבי צבי מעלצער ז"ל און אַנדערע חשובע יידן.

***

די ווייטערע פּרקים גיבן איבער עטוואָס פונעם געדאַנקען־גאַנג פון איזשביצע־ראדזינער חסידות. זיי גיבן אַ געוויסן באַגריף פון דער איזשביצער־ראַדזינער אויפפאַסונג פון יידישע און אַל־געמיין־מענטשלעכע פּראָבלעמען, און דער חסידישער צוגאַנג צו

זייער לייזונג. אַמאָל אַן איינציק וואָרט, אַ קניטש, ווי מען זאָגט אין דער חסידישער וועלט, אין אַ פּסוק, אין אַ וואָרט קומט צום אויסדרוק אַ גאַנצע וועלט־אַנשויאונג.

אין די ווייטערע פּרקים קומט צום אויסדרוק ברמז, די מיי־נונגס־פאַרשידנהייט צווישן איזשביצע און קאָצק, טראָץ דעם וואָס לויט דעם איזשביצער־ראַדזינער נוסח, זיינען קאָצק און איזשביצע געבליבן נישט צעריסן. די מחלוקתן זיינען געווען ווי שטענדיק ביי מחלוקתן, צווישן גרויסע — ביי די נעבן־מענטשן.

די ווייטערע פּרקים גיבן אויך אַן אמתן באַגריף וועגן דער איזשביצע־ראַדזינער אויפפאַסונג פון די „בחירה"־פּראָבלעמען, וואָס האָט געדינט און דינט היינט נאָך ביי אַ סך ווי אַ געווער קעגן איזשביצע־ראַדזין, באַזונדערס אין דער השכלה'שער וועלט.

אויך קומט צום אויסדרוק אין די ווייטערדיקע פּרקים דער איזשביצער־ראַדזינער צוגאַנג צו דער גאולה־פראַגע, און צו דעם פּלאַץ וואָס ארץ ישראל פאַרנעמט אין דער יידישער אמונה, יידי־שער תורה, ווי אויך דער וועג מקרב צו זיין די גאולה.

***

לאָמיר האָפן, אַז די קליינע בראָשור וועט געפינען דעם געהעריקן אָפּקלאַנג אין דער יידישער חסידישער וועלט און וועט זיין אַ נר נשמה פאַר דעם לעצטן ראַדזינער רבין, רבי שמואל שלמה (הי"ד) ליינער, זצוק"ל.

## ב.

# סימנים פון אמת און שקר

ווען דער רבונו של עולם האָט געוואָלט באַשאַפן די וועלט, האָט אמת געטענהט: זאָל זי נישט באַשאַפן ווערן, ווייל זי וועט זיין פול מיט שקרים! האָט דער רבונו של עולם אַראָפּגע־וואָרפן דעם אמת צו דער ערד... פרעגט מען: וואָס איז מען דערמיט געהאָלפן געוואָרן? וועט דען די וועלט נאָכדעם נישט זיין פול מיט שקרים? ענטפערט מען: אָן אמת וואָס טענהט: זאָל די וועלט נישט באַשאַפן ווערן! איז קיין אמת נישט... דאָס איז אַ שקרדיקער אמת. „לא לתהו בראה — לשבת יצרה”. דער אויבערשטער האָט באַשאַפן די וועלט, נישט עס זאָל זיין תוהו, פוסטקייט, נאָר לשבת: צו לעבן אין איר, צו זיצן אין איר, צו בויען זי און שאַפן אין איר.

# וווּ איז דאָ אמת?

אין תוהו, אין פוסטקייט, — איז נישט שייך צו רעדן וועגן אמת. אמת איז דאָ נאָר ווו ס'איז דאָ אַ מעגלעכקייט אויך פאַר שקר, דאַן קומט פאָר דער געראַנגל צווישן גוטס (אמת) און שלעכטס (שקר) — דאָס איז דער תכלית הבריאה. צוליב דעם איי־

ביקן גערא‍נגל צווישן יצר טוב און יצר הרע איז געשאפן גע־וואָרן די גאַנצע בריאה. אינעם מאמר חז״ל: „לעולם ירגיז אדם יצר טוב על יצר רע״ (ברכות ה־א), מיינט „לעולם״: דער תכלית פון דער גאַנצער וועלט איז — אַז דער מענטש זאָל מרגיז זיין דעם „יצר טוב על יצר רע״.

## ווי אַזוי זיך ראַנגלען מיטן שקר?

פאַרשליסן זיך נישט צו זען דעם שקר, דעם תוהו — **דאָס הייסט**: מאַכן פּלאַץ פאַרן שקר; דאָס הייסט, בעצם, זען נאָר זיך אַליין. דאָס איז אין קעגנזאַץ צו „וירא אלוקים את כל אשר עשה והנה טוב מאד״. אַלץ, אַלץ וואָס איז דאָ אין דער וועלט, אַנטהאַלט אין זיך גוטס, מען דאַרף נאָר קענען געפינען דאָס גוטע, אויסקלייבן דאָס גוטע וואָס געפינט זיך אין יעדער זאַך. „ומעץ הדעת — טוב״: אויך דער עץ הדעת, וואָס פיל טענהן, אַז ער ברענגט מיט זיך נאָר שלעכטס, אַז ער מאַכט חרוב די וועלט, איז זייער טענה באַגרינדעט אויף דעם, וואָס דער מענטש ווייסט נישט, ווי צו באַנוצן דעם עץ הדעת — **צום גוטן! לעתיד,** זאָגט מען אין איזשביצע, וועט מען פאַרשטיין דעם פּשט פון פּסוק וועגן עץ הדעת, אַזוי: פון אַלע ביימער מעגסטו עסן און פון „עץ הדעת״ זאָלסטו עסן נאָר „טוב״, דאָס גוטס, — „ורע לא תאכל״, דאָס שלעכטס פונעם „עץ הדעת״ זאָלסטו נישט עסן.

לעתיד לבוא וועט אַלזאָ הערשן נאָר אמת, און דער גערא‍נגל וועט אויפהערן. ביז דעמאָלט העלפט נישט קיין אַנטלויפן פון דער וועלט, דער גערא‍נגל פון יעדן יחיד מיט זיך אַליין מוז אָנ־גיין אָן אויפהער, צוזאַמען מיטן גערא‍נגל פונעם כלל.

# מען דאַרף קענען סובל זיין די וועלט

ווען מען אַנטלויפט פון דער וועלט און מען איז זיך מתבודד, אפילו ווייל מען קען נישט סובל זיין דעם שקר, איז עס אין אמתן התבודדות פאַר אייגענער באַקוועמלעכקייט, ווייל מען קען נישט ליידן די וועלט, במקום זיך צו ראַנגלען מיט דעם שלעכטס וואָס געפינט זיך אפילו אין דעם גוטס.

„וירא אלוקים את כל אשר עשה והנה טוב מאד". די פּני־מיות פון יעדער זאַך וואָס ג־ט האָט געשאַפן איז גוט. נאָר די חיצוניים, דאָס חיצוניות זיינען שלעכט. די תרי סרסורי דעבירה: העין — רואה והלב — חומד, זיינען די „קליפה", וועלכע פאַר־שטעלט דאָס גוטע וואָס געפינט זיך אונטער דער קליפה. דאַרף מען די צוויי סרסורי דעבירה פאַרוואַנדלען אין סרסורי האורה, האמת והטוב. דאָס אויג זאָל האָבן אַ וויטן קוק. זען, וואָס עס טוט זיך אונטער דער קליפה, דאָס האַרץ זאָל גלוסטן נאָך פּני־מיות — דאַן איז מען מרבה כבוד שמים. דורך אַנטלויפן פון דער וועלט, דורך פאַרשליסן זיך, איז מען נישט מרבה כבוד שמים אפילו אין די אייגענע ד' אמות. „תחילת נפילה — ניסה". עס איז אמת, אַז צייטנווייז לערנען איינציקע ערשט פון זייער אייגענער נפילה, אַז עליה מוז נישט שטענדיק קומען דורך ירידה, דורך אַנטלויפן, — דאָס איז אפשר דער איינציקער חיוב וואָס מען לערנט פון דעם אַנטלויפן, אַז מען דאַרף נישט אַנטלויפן... דערפאַר האָבן אַלע קאָצקער תלמידים, נישט בלויז איזשביצע, נאָך דער הסתלקות פונעם קאָצקער, נישט ממשיך געווען דעם וועג פון פאַרשליסן זיך. די וואָס אַנטלויפן נישט, פאַרשטייען דעם פּשט פון „בראתי יצר הרע, בראתי לו תורה תבלין" אַזוי: די

תורה האָט אונז קלאָר געוואָרנט: „לפתח חטאת רובץ" — קען מען פון אים נישט אנטלויפן, אויב מען אנטלויפט בלייבט ער „רובצין". מען דאַרף פון דעם „חטאת" מאַכן אַ העכערע מדרגה, אַן „עולה", אַרויסנעמען דאָס גוטע פון אים, דאָס איז דער עיקר פונעם „ובחרת". אָבער ביי אַ שלעכטער בחירה קען מען אויך דעם אמת אין אַ שקר פאַרוואַנדלען; מיט דער שלעכטער בחירה שאַפט מען דעם שקר און מען שרייט דערנאָך אויף דער וועלט: כולו שקר! צו די וואָס פרעגן: ווי אַזוי אַנטלויפט מען פון שקר? ענטפערט מען: דער וועג איז אַ פשוטער: מען גיט צוריק דעם אמת — דעם אמת. דער קיום פון דער טומאה איז אין זיין פאַר־שטעלטער אחיזה אינעם טהור, איז דער איינציקער וועג — אַרויסצונעמען דעם טהור פון דעם טמא! שאָקלט מען זיך אָפּ פון דעם טמא — הערט ער אויף צו עקזיסטירן. די עקזיסטענץ פון טמא איז אין זיין שעפּן חיות פונעם טהור. ווען מען נעמט פון דעם טמא אַרויס דעם טהור, די ניצוצות הקדושה, — און אַ־זעלכע ניצוצות געפינען זיך אפילו אינעם ערגסטן טמא — קען דער טמא מער נישט עקזיסטירן. „מי יתן טהור מטמא? — לא אחד?", דער „לשם יחוד" קומט מייחד זיין דעם אחד! נעמט אַרויס דעם טהור פון טמא, בלייבט נאָר דער „אחד", נאָר אמת, דער טוב, דאָס לעבן, די קדושה און די טהרה. אַלץ ווענדט זיך אין דער בחירה פונעם מענטש און פון זיין געראַנגל מיטן יצר הרע.

## תשובה

ווען טראָץ דעם געראַנגל, דעם „ירגיז", ווערט מען דאָך נכשל, בלייבט אָפן דער וועג צוריק — תשובה! תשובה הייסט

תיקון. תיקון מיינט, פאַרעכטן דעם אמת, וואָס מען האָט קאַליע געמאַכט. דער תיקון איז: „עשה טוב"! — איז ממילא „סור מרע"! דער רע אַנטלויפט. עס בלייבט פון אים גאָר נישט, ער האָט נישט קיין אחיזה. „אם פגע בך מנוול זה, משכהו לבית המדרש" — זאָגן די חז"ל. אין בית המדרש האָט דער מנוול, דער יצר הרע, קיין אחיזה נישט. דער יצר הרע האָט נאָר אַן אחיזה אין דער פוסטקייט. אין בית המדרש — ווו עס איז דאָ תורה, איז פאַרן יצר הרע קיין אָרט נישטאָ.

# מחשבה און ידיעה

חסידות זאָגט — און דאָס איז נישט בלויז אַ חסידישער זאָג, דאָס איז אָנגענומען אויך אין הלכה — אַז אַלץ גייט נאָך דער מחשבה: דאָרט ווו ס'איז די מחשבה פונעם מענטשן, — דאָרט איז דער גאַנצער מענטש, האָט געלערנט דער בעל־שם־טוב, דע־ריבער האָט חסידות באַטראַכט די פשוטי־עם, וועלכע האָבן מקיים געווען מצוות לפי כוחם, אָבער גאָר נישט געקענט מכוון זיין, ווייל זיי האָבן נישט געקענט לערנען, נאָר קוים־קוים געקענט אלף־בית — די, וואָס וועגן אייניקע פון זיי האָט מען דערציילט, אַז זיי געבן דעם רבונו של עולם די אותיות, ער זאָל פון זיי אַ תפילה מאַכן, אַ תורה צוזאַמענשטעלן און וועגן אַנדערע, אַז זיי האָבן צו אים גערופן דורך אַ פייפל — באַטראַכט אַלס אמתע עובדי השם, וואָס בכל לבבם ובכל נפשם דינען זיי דעם רבונו של עולם, ווייל זייער גאַנצע מחשבה איז דאָך צו טאָן זיין רצון; פון דער צווייטער זייט אָבער, אינעם למדן וואָס איז בבחינת „יוסיף דעת", וואָס ער האָט געוואָלט מקיים זיין דעם „דע את אלוקי אביך — ועבדהו",

האָט חסידות דערזען, ווי אָפט ער קומט צו דער בחינה פון „יוסיף מכאוב״; ער האָט זיך דאָך געדאַרפט אָן אויפהער ראַנג־לען, נישט אַראָפּצוקריכן פונעם אמת; זיך נישט אויסצוגליטשן, ער זאָל חלילה נישט פאַרוואַנדלען דעם שקר אין אָן אמת... ער זאָל נישט נכשל ווערן בשעת דער בחירה, ער זאָל נישט קומען צו קיין נפילה, — ווייל אַלץ הענגט דאָך אויף אַ האָר: כחוט־השערה איז צווישן גוטס און שלעכטס, צווישן אמת און שקר. דאָך האָט חסידות נישט מוותר געווען אויף דעם דאָזיקן „יוסיף דעת״! פאַר דעם „דעת״ איז כדאי צו באַצאָלן מיט „מכאוב״. עס איז אַלץ ווערט. דער דעת מיטן כאב צוזאַמען זיינען דער יסוד פון דער בחירה. אמת, אַז צו דעם דאַרף מען האָבן אַ דאָפּלטן כוח: סובל צו זיין די וועלט אַזוי ווי זי איז — דעם אור מיט דעם חושך צוזאַמען, און מען דאַרף אויך האָבן כוח מברר צו זיין דעם אור פונעם חושך. געפינט מען דעם ליכט־פּונקט, הערט דער חושך בכלל אויף צו עקזיסטירן. דווקא אין דעם אָנשטרענגען מבחין צו זיין אין דעם „יתרון האור״ פונעם „חושך״, אין דעם ליגט דער גאַנצער צער און תענוג צוזאַמען פונעם חיות אינעם מענטש. דאָס איז אויך דער צער־העולם, וואָס ברענגט מיט זיך יצירה, חיות דער וועלט, התחדשות אין די יסורים מיט זיך אַליין, די יסורים פונעם געראַנגל. אָן יסורים איז נישטאָ קיין יצירה, אָן יסורים איז נישטאָ קיין בחירה, אָן יסורים איז נישטאָ קיין התחדשות. אין ראדזין האָט מען גע־זאָגט: „עושה חדשות״, אָן עושה חדשות קען מען זיין נאָר ווען מען איז אַ „בעל־מלחמות״... מלחמות, קודם כל מיט זיך אַליין.

## דער תהום און דער רוח אלוקים

ניִשט אַלע קענען אָבער סובל זיין די וועלט אַזוי ווי זי איז, זיינען פיל פון איר אַנטלאָפן! זיי האָבן געוואָלט קודם כל פאַר־טיק ווערן מיט זיך — האָבן זיי אין דער וועלט געזען נאָר דעם חושך און דעם שקר, וועלכע באמת געפינען זיי זיך נאָר על פני תהום, און ניִשט דערזען דעם „רוח אלוקים מרחפת״; זיי האָבן זיך פאַרשלאָסן — איז מה הועילו בתקנתם? די וועלט איז זיך ווייטער געגאַנגען איר גאַנג. דאדורך האָט מען גאָר ניִשט מעלה געווען. מען האָט ניִשט אַרויסגענומען די ניצוצות הקדושה, אַז די „סיטרא אחרא״ זאָל ניִשט קענען האָבן קיין קיום. אמת, מען האָט פאַרשאַרפט דעם געראַנגל מיט זיך, מען האָט אָבער ניִשט אַרויסגענומען דעם טוב פונעם עץ הדעת פאַר דעם קיום פון דער וועלט. כאילו זיי האָבן געפּועלט ביי זיך: זאָל די וועלט חרוב ווערן, אַבי זיך מציל צו זיין.

## דער נעלם פון טהור

איזשביצע האָט געלערנט, אַז ווען דער רבונו של עולם איז סובל די וועלט און די מענטשן אין זייער פשטות, מוזן מיר זיי אויך קענען סובל זיין. אָבער גלייכצייטיק אָפּהיטן די גרענעץ, ניִשט לאָזן זיך מיטרייסן אַראָפּ, נאָר אויפהייבן זיך און אַנדערע מיט זיך, צום רבונו של עולם. מען דאַרף קענען סובל זיין אפילו די, וועלכע קענען ניִשט מקיים זיין דעם „ירגיז״. מען טאָר זיך ניִשט מסיח־דעת זיין, אַז אויך אין תהום איז דאָ טהרה, איז דאָ אמת — זיי זיינען נאָר נעלמים. זיי זעען זיך ניִשט אַרויס — מען דאַרף נאָר קענען זיי מגלה זיין.

„בצלם אלוקים עשה את האדם", — איז ווען „ד' אלוקים אמת", איז ממילא דער מענטש אויך אמת. מען דארף נאָר קענען היטן דעם צלם אלוקים. „מי יתן טהור מטמא ?" — אין דער פינצטערניש פון תהום, פון טמא, איז אויך דאָ ליכט, איז אויך דאָ טהור. מען דארף נאָר קענען דעם טהור ארויסנעמען — הערט דער טמא אויף צו עקזיסטירן. „אין אדם עומד על דברי תורה אלא אם כן נכשל בהם". ווייזט דאָך אויס, אז לפעמים, איז דער כשלון אַ כוח המעמיד פון דברי תורה ; אז דער כשלון טראָגט אין זיך די תורת התיקון, להורות תשובה. „ירידה צורך עלייה". איי, נאָך וואָס דארף מען די ירידה ? — דאָס איז דער גרויסער נעלם. באמת, אין יסוד, אין שורש, ווי עס איז געווען „עלה במחשבה" איז „האלוקים עשה את האדם ישר", אָן חשבונות, צו קענען טאָן ג־טס רצון גלייך, בפשטות, אָן דעם „ירגיז", אָבער כדי דער מענטש זאָל נישט נהנה זיין פון נהמא דכסיפא, אויב ער מוז דינען דעם רבונו של עולם „באין־ברירה" — איז „והמה בקשו, חשבונות רבים", האָט דער רבונו של עולם געגעבן דעם מענטש דעם כוח פון „שיקול דעת" — פון „חשבונות רבים", לטוב או לרע. דאָס איז דער סוד פון בחירה. נישט גיין אין דעם אויסגעטרעטענעם וועג, וועלכער ווערט מיט דער צייט פארשטויבט, „מצות אנשים מלומדה", א טבע פון הרגל, אָן נשמה, אָן חיות, ביז מען זעט נישט דעם עיקר פון „לעשות רצון קונו". דעריבער דארף מען יעדן טאָג פון זיך אָפּשאָקלען דעם שטויב. יעדן טאָג זיין א פריש־געבוירענער. „על כל נשימה ונשימה — תהלל י־ה". יעדע נשימה איז אַ נייע מתנה פון רבונו של עולם, א באנייטע נשמה, להתחדש און להתקדש. יעדן טאָג מחדש זיין, יעדן טאָג

זיך טובל זיין. די מקווה־מים איז מטהר און מחדש אין גשמיות און באַלד דערנאָך „אין מים אלא תורה", „מקוה ישראל — ד'".

## כשלונות און זייערע תוצאות

מען זעט דאָך אָבער, אַז טראָץ אַלעם זיינען דאָ כשלונות, און דווקא מצד גאָר גרויסע, וועלכע פאַרמעסטן זיך אויף שלי־מות — איז דער ענטפער: אויב די מחשבה איז מכוון געווען, אפילו בשעת דעם כשלון, צום רבונו של עולם, און דער מענטש האָט אַלץ געטאָן למען כבוד שמים („בשני יצריך"), און דאָך איז געשען אַ מכשול — וועט צום סוף פון דעם מכשול אַרויס אַ תיקון, און עס וועט זיך אַרויסווייזן, אַז די מינוטלעכע ירידה איז געווען לצורך עלייה. ווייל די מחשבה בשעת מעשה איז נישט געווען מכוון צו ירידה... איז קלאָר געוואָרן, אַז דער מענטש מיט זיין מחשבה זיינען געווען בשעת מעשה אין דער בחינה פון עלייה.

דעריבער זעט מען, אַז ביי די אַלע גדולים איז סוף־סוף פון די אַלע פעולות וואָס למראית עין האָבן זיי אויסגעזען מעשה טעות — איז אַרויסגעקומען כבוד שמים. דעריבער איז אויף די אַלע געזאָגט געוואָרן: „כל האומר פלוני חטא — אינו אלא טועה". אין יסוד איז דאָ געווען אַ געראַנגל, און „סופו מוכיח על תחילתו", דאָס וואָס איז אַרויסגעקומען איז דער עיקר. אָבער ווייל די פעולה אין יענער מינוט איז דאָך למראית עין געווען אַ פגם, באַהאַלט מען עס נישט! מען איז מודה, אַז עס איז געווען אַ פגם, וואָס זיין תיקון איז דערנאָך געקומען לעין־רואה, אָבער בשעת מעשה איז ער געווען אַ נעלם.

# משנת איזשביצע — משנת הבחירה

עס זיינען נישט גערעכט די, וועלכע ווילן צושרייבן איזש־ביצע „שלילת הבחירה" און „חיוב ההכרח" (דעטערמיניזם בלעז"ז), עס הויבט זיך גאָר נישט אָן! פאַרקערט, ווייל דער מענטש האָט בחירה און ראַנגלט זיך שטענדיק מיט זיך אַליין, דעריבער פּאַסירט, אַז אפילו ווען ער ווערט נכשל און קען נישט ביישטיין די אינערלעכע נעגאַטיווע כוחות — ווערט זיין כשלון מיט דער צייט, אַמאָל נאָך דורות, פאַרוואַנדלט אין אַ ברכה. און פאַר־וואַנדלט זיך אין אַ כוח המעמיד פון דברי תורה. אַמאָל להורות תשובה, אַמאָל גאָר צו שאַפן מלכות וואָס אַמאָל איז זי די ערשטע ספירה, און מיט איר הויבט זיך אַלץ אָן, און אַמאָל איז זי די לעצטע ספירה. פון סוף הויבט זיך צוריק אָן מלכות, וועלכע איז שוין דורכגע...נגען דעם כור ההיתוך. אָבער עס ווערט גאָר נישט פאַרפאַלן. ווייל שלעכטס אַליין, אַבסאָלוט שלעכטס, עקזיסטירט גאָר נישט. „זאת התורה לא ימלט ממנה איש מבני יעקב לעולם", אפילו ווען ער ווערט נכשל (אויב ער שפּאַרט זיך נאָר נישט איין: „אחטא — ואשוב ואחטא", אויב ער קלויבט נאָר נישט אוים שטענדיק צו ליגן אין דער בלאָטע). דער כשלון זיינער איז נאָר אַ צייטווייליקער; מיט דער צייט וועלן אָדער דער נכשל אַליין, אָדער זיינע קינדער, אָדער קינדס־קינדער, קומען צוריק. „אמת מארץ תצמח", אפילו ווען ער ליגט טיף אין דער ערד. דער כשלון איז טאַקע זייער טיף, צום סוף אָבער איז „תצמח" פון דער אויפסניי. דעריבער איז „ותשלך אמת ארצה", צו ווייזן אַז עס איז איבערהויפּט נישטאָ בלויז ארציות. אפילו אין ארציות איז אויך דאָ אמת. אַמאָל גאָר וואַקסן אַרוים גוטע מעשים פון דער

שמוציקסטער בלאָטע. מען דאַרף נאָר קענען אַראָפּבייגן זיך צום אמת. דעמאָלט הויבט מען אויף דעם אמת צוזאַמען מיט זיך.



מען מוז מודה זיין, אַז אויך די נביאים זיינען אַ סך מאָל אַנטלאָפן און זיך אויסבאַהאַלטן אין מערות, — דאָס איז אָבער נישט געווען כדי צו אַנטלויפן פון דער וועלט, נאָר כדי פון דאָרט אַרויסצוגיין צו דער וועלט און זיך מיט איר פאַרמעסטן.

אליהו הנביא האָט זיך פאַרמאָסטן מיט אחאב׳ן, אָבער גלייכצייטיק „ויגש אליהו אל כל העם, ויאמר אליהו לכל העם" — האָט ער גורם געווען, אַז „וירא כל העם ויאמרו ד׳ הוא האלוקים!" דורך דעם רוף האָט אויפגעהערט די עקזיסטענץ פון דער עבודה זרה.



במה דברים אמורים? ביי די וועלכע ווילן קיינמאָל נישט נאָכלויפן דעם יצר, נאָר ווען דער מענטש ווערט נכשל נאָך אַ געראַנגל, נאָך דעם „גירא בעיני דשיטנא", ווען ער האָט זיך געווערט קעגן יצר־הרע און דאָך איז ער נכשל געוואָרן — איז אַ סימן, אַז אין דעם איז דאָ עפּעס אַ נעלם, אַ כוונה נעלמה, וואָס אַ סך מאָל ווערט מען געוויר ערשט נאָך דורות וואָס דער נעלם איז געווען. דער אָבער וואָס לויפט נאָך דעם יצר־הרע, וואָס טוט אַלץ כדי משליט זיין אויף זיך דעם יצר־הרע, און וואַרפט פון זיך אַראָפּ דעם עול פון די „סייגים" — דער טוט דאָס אַלץ מיט זיין אייגענעם רצון, מיט זיין בחירה, אַזאַ איינער קען נישט קומען מיט אַ טענה פון „הכרח", פון „אין בחירה", ער האָט זיך דאָך אַליין, בידים ממש, איבערגעגעבן דעם יצר־הרע, מיטן אייגענעם ווילן, דווקא מתוך בחירה.

## סייגים צוליב אַנדערע

עס טרעפט אמאָל, אז כאָטש דער מענטש, פאַר זיך אַליין, איז שוין אַריבער אַלע נסיונות און זיי בייגעשטאַנען, און ער געפינט זיך שוין אין אַ מצב פון גרויסער עלייה, אָבער ווייל מען טאַרף נישט אַנטלויפן פון דער וועלט, און אפילו בשעת התעלות דאַרף מען זיין אין איר און מיט איר — מוז מען אָנהאַלטן די אַלע סייגים און זיין זהיר אין זיי, בקלה כבחמורה, צוליב אַנ־דערע. ווייל אַנדערע דאַרפן די סייגים האָבן, ווייל אָן די סייגים וואָלט די וועלט קיין קיום נישט געקענט האָבן: זי וואָלט זיך שטענדיק געפינען אין אַ מצב פון נפילה. דאָס איז וואָס די חז"ל זיינען אונז מרמז, אַז דאָס וואָס מען טאָר נישט טאָן למראית עין, ווייל אַנדערע קענען דורך דעם נכשל ווערן, איז אפילו בחדרי חדרים, פאַר זיך אַליין, אויך אסור... דער סייג איז אַ טייל פון דעם כבוד שמים, און איז מחייב אַלע. דער סייג איז דאָן אין דער בחינה פון „ולפני עור לא תתן מכשול".

## דער מענטש דאַרף בלייבן מענטש

דער וועג צו דער מעלה עליונה איז נישט די אָנשטרענגונג צו ווערן אויס מענטש, איבערמענטש. ניין! „ויברא אלוקים את האדם". דער מענטש דאַרף בלייבן מענטש. ער קען און דאַרף זיין אַ קדוש וטהור נאָר דורך היטן דעם צלם אלוקים, היייליק האַלטן די „נשמה שנתת בי" — אריינלאָזן צו זיך דעם רבונו־של־עולם, נישט בלייבן איין מינוט אָן דעם שטרעבן מגלה זיין כבוד שמים בעולם. נאָר דאַן קען דער מענטש מרגיש זיין, אַז

„מלא כל הארץ כבודו". אז „לית אתר פנוי מיניה". דאַן פילט ער, אַז די שכינה רוט אין אים, דער מענטש ווערט דאַן בבחינת „ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם", — ממילא בלייבט אין אים נישט קיין פּלאַץ פאַר עפּעס אַנדערש, פאַר דער סיטרא־אחרא.

דער תכלית איז אָבער נישט בלויז דער יחיד זאָל אַ מקדש זיין, ווען אַרום ווילדעוועט די סיטרא אחרא, — ניין! דער תכלית איז דער כלל, צו פאַרוואַנדלען דאָס פאָלק אין אַ „מקדש". עס שטייט נישט „ושכנתי בתוכו", נאָר „בתוכם". זאָרגט אַ מענטש נאָר פאַר זיך — איז ער מצמצם די שכינה נאָר אין זיינע אייגענע ד׳ אמות, און איז מפקיר די וועלט. אוודאי, אַ ייד אַ מאמין שטייט פאַר ג־ט, ער שטייט אָבער נישט אַליין. ער שטייט פאַר ג־ט דורכן כלל ישראל, אינעם כלל ישראל, מיטן כלל ישראל. דער תכלית איז אַ סך מער, אַ סך ווייטער; נישט בלויז דער יחיד מישראל און אפילו נישט בלויז דער כלל ישראל אַליין זאָלן זיין דער מקדש פון ושכנתי בתוכם — נאָר די גאַנצע וועלט, די גאַנצע בריאה, זאָל אויסרופן און מודה זיין: „אין עוד מלבדו".

## די אמונה איז נישט אַ כנגד צו דער וועלט

וואָלט אמונה געווען אַ כנגד צו דער וועלט, וואָס פאַר אַ טעם האָט אונזער טענה־תפילה: „כי לא תחפוץ בהשחתת העולם"?... אמונה ווייזט דעם וועג, ווי אַזוי אָנצופילן די וועלט מיט אמת, מיט קדושה. מעלה צו זיין דעם מענטש און די וועלט צו די הימלען און נישט אַראָפּבייגן די הימלען צום אָפּגרונט. דעם תהום מעלה צו זיין צום „ורוח אלוקים מרחפת"...

ביי מתן תורה איז געווען „וירד ד׳״, כדי דאָס פאָלק מעלה צו זיין, „וכל העם רואים את הקולות״, נישט בלויז משה רבנו. אוודאי זיינען נישט אַלע צוגעקומען צו דער מדרגה פון משה רבנו. נישט אַלע האָבן געהערט גלייך, נישט אַלע זיינען געווען אין דער מדרגה פון „עין בעין״, אָבער ביי מתן תורה — זאָגן די חז״ל — „פסקה הזוהמה״ פון כלל ישראל: די „זוהמה״ האָט אויפגעהערט, זי האָט שוין מער קיין פּלאַץ נישט געהאַט, נישט ביים יחיד און נישט ביים כלל.

## נישט יעדער קען זיך פאַרמעסטן

אוודאי קען נישט יעדער זיך פארמעסטן. נישט יעדערער דאַרף און קען גיין אויפן וועג פון „ירידה צורך עלייה״. מען קען אַראָפּפאַלן פון לייטער און נישט קענען מער אַרויף צוריק... פון עלייה איז שוין אָפּגערעדט; נישט יעדער קען גיין אויפן וועג פון „גירא בעיני דשיטנא״. דער וואָס ווייסט נישט, ווי אַזוי צו שיסן, קען איס די פייל טרעפן צוריק... דער וועג איז אַ געפערלעכער, אַ מסוכנדיקער, מען קען זיך אויסגליטשן. מיטן יצר־הרע טאָר מען זיך נישט שפּילן. מיטן יצר־הרע טאָר מען זיך אויך נישט רייצן. דעריבער איז דער וועג: „ללמוד וללמד, לשמור ולעשות, ולקיים את כל דברי תלמוד תורתך באהבה״, דאַן גליטשט מען זיך נישט אויס. „כי עזה כמות אהבה״, אהבת השם דאַרף זיין אַזוי שטאַרק, אַז זי זאָל זיין דער טויט פאַרן יצר־הרע, און „מים רבים לא יוכלו לכבות את האהבה״, מיטן כוח פון אהבת השם זיינען דער יחיד מישראל און כלל ישראל ביינעשטאַנען פייער און וואַסער — „ובכל זאת שמך לא שכחנו״.

# אמונה איז נישט קעגן פילאָזאָפיע

אין איזשביצע האָט מען נישט געלערנט, אַז אמונה איז קעגן פילאָזאָפיע. אין איזשביצע־ראדזין האָט מען געלערנט, אַז וואָס אמונה זאָגט אין עטלעכע ווערטער, דאַרף אויף דעם די פי־לאָזאָפיע גאַנצע ספרים; אַז דאָס וואָס אמונה דערגרייכט מיטן האַרץ און מוח — מאַטערט זיך די פילאָזאָפיע אויף דעם מיטן מוח זייער לאַנג און, צום סוף ווערט זי געוווּיער, אַז זי ווייסט נישט... און נאָר אין איינצלנע פאַלן דערגרייכט זי וואָס אמונה האָט דערגרייכט און דאָס וואָס אמונה קען נישט דערגרייכן, קען די פילאָזאָפיע אוודאי נישט דערגרייכן. אפילו אַ סך וויניקער אויך נישט... דורך אמונה קומט מען דאָך צו „וידעת", דורך פילאָזאָפיע, דערגרייכט דער וואָס איז זוכה צו וויסן, אַז וואָס ער האָט נעכטן געמיינט אַז ער ווייסט שוין, — ווייסט ער היינט, אַז ער האָט נעכטן געהאַט אַ טעות. צו מער פון דעם וויסן, אַז ער האַלט אין איין טועה זיין זיך, דערגרייכט נישט דער פילאָ־זאָף, אמונה ווייזט דעם וועג צו דעם „דע את ד' אלוקיך". צו־צוקומען צו דער מדרגה צו דינען ג־ט מתוך ידיעה, „דע את אלוקי אביך", דיין טאַטע האָט קיין טעות נישט געהאַט נישט נעכטן און נישט פאַר נעכטן, און אויך דו — „ועבדהו", דו קענסט דינען דעם רבונו של עולם מתוך ידיעה.

## עס איז דאָ אַ געבער

אויך אמונה לערנט אונז, אַז מען זאָל זיין אַ „יודע שאינו יודע". „מה לא ניתן לשאילה", מה למעלה, מה למטה. עס זיינען

דאָ זאַכן, וואָס עס האָט נישט קיין שום זין צו פרעגן וועגן זיי, ווייל דאָס איז דער גרויסער נעלם, דער גרויסער סוד פון „לא יראני האדם", מען קען דעם רבונו של עולם נישט זען, אזוי ווי מען זעט אַ מענטש... דער מענטש טאָר זיך נישט איינרעדן, אַז מען קען אַלץ וויסן. אמונה ווייזט אָבער דעם וועג, ווי אזוי צו וויסן דאָס וואָס דער מענטש איז פעאיק צו דערגרייכן מיטן האַרץ און מוח דורך אמונה. „וידעת היום והשיבות אל לבבך כי ד' הוא האלוקים". נישט בלויז „בשמים ממעל", נאָר אויך „ועל הארץ מתחת" און אַז מען ווייסט דאָס, ווייסט מען אַז „והארץ נתן לבני אדם". אפילו איבער דעם „והארץ" איז דער מענטש נישט קיין בעל־הבית. עס איז דאָ אַ נותן. נישט „כוחי ועוצם ידי" איז דער בעל־הבית אויף דעם „והארץ". דער תכלית פון מענטש איז — אויך דעם „והארץ" צוריק אויפהייבן צום נותן. „והיה ביום ההוא", ווען דער מענטש וועט פילן „כי ד' הוא האלוקים בשמים ממעל, ועל הארץ מתחת אין עוד" — וועט ער דאַן וויסן, אַז מלוא כל הארץ כבודו. אי אין הימליש־קייט, אי אין ארציות; לית אתר פנוי מיניה... און אַז דער „יוצר אור" איז אויך דער „בורא חושך". דער תכלית פון מענטש איז ער זאָל מיט דעם אור היצירה אַריינלייכטן אין דעם חושך הבריאה. דאַן וועט ער פילן, אַז „הכל מתאחדין לעילא ולתתא ברזא דאחד".

ג

# ארץ ישראל און דער וועג צו דער גאולה

גאולה אין דער יידישער אויפפאסונג איז נישט נאָר גאולה פון צרות; נישט בלויז גאולה פאר יידן, פארן יידישן פאָלק — גאולה ביי יידן הייסט, גאולה שלימה. ווען די גאנצע וועלט וועט אנערקענען, אז עס איז דאָ א ג־ט אויף דער וועלט, וועלכער האָט די וועלט באשאפן און פירט זי, און אז דער ג־ט איז נישט קיין מענטשן־גאָט, קיין גאָט וועלכן מען מאכט זיך, נאָר דער ד' אלוקינו, דער יידישער ג־ט, ווי מיר יידן פאסן אויף, וועט זיין דער ד' אחד פון דער גאנצער וועלט. דאן וועט די וועלט וויסן און פארשטיין, אז אלע מענטשן זיינען גליך, אז דער לעבנס־וועג פון דער תורה פאר יעדן מענטש און פאר יידן באזונדער איז דער וועג וועלכער פירט צו שלום. אז נישט בלויז מען וועט נישט פירן קיין מלחמות, נאָר מען וועט אויפהערן זיך לערנען ווי צו פירן מלחמות: לא ישא גוי אל גוי חרב, ולא ילמדו עוד מלחמה.

דער גאולה־פראָצעס פירט זיך זינט דער וועלט־באשאפונג. עס זיינען געווען אין דעם גאולה־פראָצעס עליות און ירידות — ביז מען וועט זוכה צו ביאת המשיח, צו דער גאולה שלימה,

צום „אחרית הימים", וואָס איז דער תכלית פון דער בריאה: ונשגב ד' לבדו ביום ההוא.

די טרעגער פון דער גאולה אין דער מענטשהייט איז דאָס יידישע פאָלק, אָבער עס קען קיין רייד נישט זיין וועגן אַ גאולה שלימה, אַ גאולה פאַר דער גאַנצער מענטשהייט כל זמן יידן זיצן אין גלות, כל זמן יידן זיצן אין דער פרעמד, כל זמן ארץ ישראל און דער מקום המקדש זיינען אין פרעמדע הענט.

דעריבער איז די ערשטע פאַזע פון דער גאולה: אויסלייזן ארץ ישראל פון פרעמדע הענט, עס מאַכן פאַר אַ יידישע מדינה, און אַז דאָס יידישע פאָלק אין זיין מערהייט זאָל אַרויסגיין פון גלות, צוריקקערן זיך קיין ארץ־ישראל;

די צווייטע פאַזע איז אַז ארץ ישראל, מדינת ישראל, זאָל זיין אַן אמת־יידישע מדינה, נישט בלויז וואָס אין איר וועלן וווינען און לעבן יידן, נאָר אַ מדינה וואָס איר גאַנצער לעבנס־וועג אויף אַלע געביטן, זאָל זיין אַ תורה לעבנס־וועג פונעם פרט און פון כלל. אַזוי אַז מדינת ישראל זאָל זיין אַ מוסטער־מדינה פון קידוש השם, פון פאַרווירקלעכן די תורה אינעם מלוכהשן לעבן, ווי אינעם פּריוואַטן לעבן, אַ זאַך וואָס דאָס יידישע פאָלק האָט נישט זוכה געווען ביז היינט.

די גאולה ליגט דעריבער אין די הענט פון יידן: זיי זאָלן עולה זיין קיין ארץ ישראל און לעבן אין איר ווי יידן און זי מאַכן פאַר אַ יידישע מדינה אין איר לעבנס־אינהאַלט.

איזשביצע־ראַדזין האָט דעריבער געזאָגט (מי השילוח פרשת מסעי, „ויסעו"), אַז די דריי שבועות וואָס מ'האָט באַשווירן יידן, נישט עולה צו זיין קיין ארץ ישראל מיט כוח — איז חל נאָר כל

זמן יידן האָבן נישט די געוואַגטקייט, די דרייסטקייט אַרויפצוגיין קיין ארץ ישראל. אָבער דאָס וועט זיין אַ סימן אַז דער רבונו של עולם וויל מיר זאָלן זיך צוריק פאַרזאַמלען אין ארץ ישראל (דאָס איז די ערשטע פאַזע, דער ראשית צמיחת הגאולה), ווען דער רבונו של עולם וועט אַריינגעבן אין יידישע הערצער תקיפות, גע־וואַגטקייט, דרייסקייט עולה צו זיין קיין ארץ ישראל.

אין איזשביצע־ראַדזין האָט מען געזאָגט: די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן, ווען דער רבונו של עולם האָט געוואָלט. מענטשן האָבן די וועלט קאַליע געמאַכט — דאַרפן זיי פאַריכטן דאָס וואָס זיי האָבן קאַליע געמאַכט. ווען מענטשן זיך באַמיען ווידער גוט צו מאַכן וואָס זיי האָבן קאַליע געמאַכט, וועט זיי דער רבונו של עולם צוהעלפן: „הבא ליטהר מסייעין אותו". דאַן וועט געשען דער נס פון דער גאולה, די התחלה אָבער דאַרפן מאַכן די מענטשן, די יידן.

דער „אורחות חיים", דער „בעל התכלת" זאָגט (פתיל תכלת, צווייטע אויסגאַבע, תרמ"ז, סה, א, „והנה"): דאָס וועט הייסן „אתחלתא דגאולה", ווען מען וועט קריגן דעם רשיון צו בויען דעם בית המקדש, און ווען מיר וועלן זוכה זיין, וועלן מיר קריגן אַזאַ רשיון נאָך פאַר „קיבוץ גלויות". פאַרשטייט זיך, אַז מען קריגט נישט קיין רשיון ווען מען פאַרלאַנגט נישט.

דער „ארחות חיים" שטיצט זיך אויך אויפן „פרי עץ חיים" (שער התפילות, פרק ז'): „אַז קיין זאַך ווערט נישט געטאָן אין הימל נאָר דורך די מעשים וועלכע מענטשן טוען אויף דער וועלט" — „שאין דבר נעשה למעלה, אלא על־ידי מעשה תחתונים בעולם הזה" (עין התכלת, ק"מ, „וזה").

דער „ארחות חיים" באנוצט זיך אויך מיטן באגריף פון „גאולה־שפּראָצונג" — „צמיחת הגאולה" (דאָרט אין „פתיל תכלת"): „אזוי געפינען מיר ביי די נביאים אז ווען משיח וועט נתגלה ווערן, וועט ער זיין אין א שפלותדיקער מדרגה „בתכלית השפלות"... איינציקווייז וועט ער ארויסשפּראָצן „הנה איש צמח שמו"... ביז עס וועט זיך אין אים פאראייניקן מלכות און כוונה צוזאמען.

אינטערעסאנט: ר' יעקב גאסטעל, אן איידעם פון ר' יהושע־לע קוטנער, דערציילט (זע: בנתיבי איזביצא ראדזין), אז ווען דער „אורחות חיים" איז געווען ביי ר' יהושעלע קוטנער, האָט ער ביי זיך געהאלטן א רעוואָלווער, זאָגנדיק: „מיר ווייסן נישט מיט וואָס מיר וועלן מקבל פּנים זיין משיחן, מיטן ספר אָדער מיט דער שווערד, „אם בספרא, אם בסייפא", דארפן מיר זיין גרייט מיט ביידע"...

ווען מען האָט געפרעגט דעם „תפארת יוסף", פארוואָס דאָס חסידות האָט זיך נישט אָנגעשלאָסן אין דער ציוניסטישער באוועגונג, האָט ער געענטפערט: ווייל דער ציוניזם איז נישט געקומען אויסלייזן יידן פון גלות, און דעם גלות פון יידן, נאָר בלויז אויסלייזן יידן פון גלות־צרות. האָט דאָס חסידות מורא געהאט, טאָמער וועט דאָס נישט מצליח זיין, קען עס ברענגען צו א צווייטער שבתי צבי־באוועגונג חס ושלום (זע: „ההד", סיון תרפ"ח און בנתיבי חסידות איזשביצא־ראדזין).

דער „מי השילוח" באטאָנט וועגן ארץ ישראל:

השי"ת האָט פארזיכערט, אז ווען זיי וועלן קומען קיין ארץ ישראל וועלן זייערע הערצער זיין במנוחה, „בנייחא"; ווען יידן

זיינען אריין קיין ארץ ישראל, און ווען מען לופט איז פול מיט קדושה — זיינען זייערע אויערן געווען אָפן אריינצונעמען ג־טס הייליקייט „קדושת־השם”, פון דעם גוטס פונעם לאַנד, „מטובת הארץ” („מי השילוח”, פ”ב, „וידבר”; „מי השילוח”, פ”ט, „נאמר”).

אינטערעסאַנט, דער מי השילוח (מ”ב, „ויהי”) זאָגט, אַז די „רשעים” אין מצרים, וועלכע האָבן נישט געוואָלט אַרויסגיין פון מצרים און זיינען געשטאָרבן אין דריי „ימי אפלה”, ווייל זיי האָבן געהאַלטן (זייער שורש נשמה איז געווען), אַז מען דאַרף נישט מלחמה האַלטן מיט די מצרים”...

איזשביצע־ראַדזין האַלט, אַז ווען גויים טוען אָן צרות יידן, ברענגט דער רבונו של עולם די גאולה, כאָטש יידן זיינען נאָך נישט ראוי אינגאַנצן. די גאולה הייסט „בלא זמנא” (זע: בנתיבי חסידות איזשביצא־ראדזין).

דער „בית יעקב” זאָגט: „כאָטש עס געפינען זיך עטלעכע, במה, שלעכטע אין ארץ ישראל און אַלע גוטע אין חוץ־לארץ, וועט די, וועלכע געפינען זיך אין ארץ ישראל, נישט פעלן קיין שום כוח פון ארץ ישראל צו זייער קדושה” — „ואף שנמצא במה רעים בארץ ישראל וכל הטובים בחוצה — לארץ — לא יחסר להם שום כוח מארץ לקדושתם” (זע הערות בנתיבי חסידות איזשביצא־ראדזין).

דער „בית יעקב” זאָגט: דער עיקר־שורש פון ארץ ישראל, וואָס זי ווערט אָנגערופן „ארץ טוב” (שופטים יא, ג) — — — ווייל ארץ ישראל איז פול מיט גוטס אויך „בין אדם לחברו”.

**
*

דאָס אויבן־געזאָגטע און ציטירטע ווייזט די איזשביצע־ראַד־זינער גאולה־אויפפאַסונג: געוואַגטקייט, דרייסטקייט עולה צו זיין קיין ארץ ישראל.

דער „מי השילוח פאַרענדיקט דאָס געזאָגט, אַז געוואַגטקייט איז אַ סימן פון גאולה: הלוואי אַז די געוואַגטקייט זאָל זיין בקרוב. „הלואי שתהיה בקרוב בימינו" (פרשת מסעי, „ויסעו").

יהי רצון!

## ד

# מען האָט געזאָגט...

וואָס עס ווערט ווייטער געברענגט, פלעגט מען נאָכזאָגן צווישן איזשביצער־ראדזינער חסידים. נישט שטענדיק האָב איך געפונען דעם מקור, דעם ערשטן וואָס האָט עס געהערט. איך בין דעריבער נישט זיכער, אַז אַלץ איז באמת געזאָגט געוואָרן אין איזשביצע־ראדזין. איך אָבער האָב דאָס געהערט פון איזשביצער־ראַדזינער חסידים.

# „מותר האדם"

„ומותר האדם מן הבהמה" — „אין". דער אונטערשיד פון מענטש צו דער בהמה איז „אין". וואָס ער איז נישט קיין בהמה, כאָטש אין גשמיות האָט ער אין זיך אַ סך בהמה'תדיק.

דאָס האָט מען אונז געלערנט : „לך אל נמלה עצל, ראה דרכיה וחכם", פוילער, גיי צו דער מילב, זע אירע וועגן און ווער קלוג, דאָס הייסט, פון דער מילב וועסטו לערנען, וואָס דו דאַרפסט נישט זיין...

דאָס איז אויך דער מיין וואָס די חז"ל האָבן אונז געזאָגט :

ווען מען וואָלט אונז נישט געגעבן די תורה, וואָלטן מיר אָנגע־לערנט פאַרשידענע מידות פון קעץ, פון טויבן, פון הענער א. א. וו. — וואָלטן מיר טאַקע געהאַט אַזאַ פּנים ווי זיי...

דעריבער זאָגט מען אונז, דער „מותר" פון מענטש כּלפּי דער בהמה איז — וואָס מיר לערנען נישט פון דער בהמה, נאָר פון חלק אלוקי ממעל.

דער מענטש איז נישט קיין בהמה. דער מענטש האָט אויף זיך דעם צלם אלוקים, און אין זיך — דעם חלק אלוקי.

## „בביטול בעלמא סגי"

דער מענטש קען זיך אויפהייבן איבער דעם חמץ וואָס ער האָט אין זיך און מכניע זיין דעם יצר הרע — ווען ער איז זיך מבטל פאַרן רבונו של עולם, און ער פילט און ווייסט, אַז ער גע־פינט זיך אין רשות פון רבונו של עולם, און דאַרף מקיים זיין ג־טס תורה. דאָס איז דער פּשט: „מדאורייתא", ווען דער מענטש נעמט זיין גאַנצע פירונג פון דער תורה, איז דאָס גענוג מבטל צו זיין דעם חמץ, דעם יצר הרע.

„בראתי יצר הרע, בראתי לו תורה תבלין"... דעריבער איז „מדאורייתא" — „בביטול בעלמא סגי"...

## „כפה עליהם הר כגיגית"

פרעגט די וועלט: אַלץ קשה: נאָך וואָס האָט דער רבונו של עולם געדאַרפט צווינגען די יידן דורכן באַרג, זיי האָבן דאָך געזאָגט פריער: „כל אשר דיבר ד' נעשה"? — איז דער תירוץ:

דער רבונו של עולם האָט דערמיט געלערנט יידן מקיים צו זיין די תורה, נישט נאָר ווען זי געפעלט זיי, ווען זיי ווילן זי — נאָר אפילו ווען „אי־אפשי", ווען עס ווילט זיך נישט מקיים זיין די תורה — דאַרף מען זי מקיים זיין, ווייל דער רבונו של עולם האָט געהייסן, דעריבער „כפה עליהם הר כגיגית"...

## „לא יהיה לך אלוהים אחרים"

אנדערע זאָלן דיר נישט זיין פאַר א גאָט... זיך צו לערנען: אנדערע טוען דאָך אויך אזוי. די וואָס טוען נאָך אנדערע, זיינען נישט קיין מענטשן, נאָר מאַלפּעס...

„אנכי ד' אלוקיך" — האָט דער רבונו של עולם אונז געזאָגט ביים באַרג סיני. פון מיר נאָר דאַרפסטו לערנען, וואָס איז גוטס און וואָס איז שלעכטס, אָבער „ובחרת", דו קלייב אוים וואָס צו טאָן, נישט נאָכטון...

## נישט יעדער קען קוקן אין דער זון

נישט אַלע מענטשן קענען קוקן גלייך אין דער זון. איינעם היילט זי, איינעם ברענט זי... עס זיינען דאָ מענטשן, וועלכע קענען בכלל נישט סובל זיין די זון. נו, איז דאָס א סימן, אז עס איז נישטאָ קיין זון ?!

לא יראני האדם — אָבער וחי ! עס איז דאָ א חי וקיים, א בורא עולם ומנהיגו...

## עזרת ישראל איז פריער פון שמונה־עשרה

פאַר שמונה־עשרה בעטן מיר דעם רבונו של עולם : „צור ישראל קומה בעזרת ישראל", דאָס לערנט אונז, אַז מען דאַרף העלפן אַ ייד, טאָר מען עס נישט אָפּלייגן ביז נאָך שמונה־עשרה...

(זאָגט מען נאָך פון לעצטן רבין זכרונו לברכה, הי"ד)

## קושן מיטן מויל און געבן מיט דער האַנט

צום לעצטן רבין זכרונו לברכה (הי"ד) איז געקומען אויף שבת זיינס אַ חסיד, אַ ייד אַ גביר, אָבער אַ קאַרגער. ווען מען האָט אַרויסגענומען דעם ספר־תורה פון ארון קודש, איז דער חסי־דישער גביר צוגעלאָפן, אויסגעשטרעקט די האַנט, אָנגערירט די תורה און געקושט די האַנט...

נאָכן דאַווענען האָט דער רבי גערופן דעם קאַרגן גביר און אים געזאָגט : די תורה קושן קושט מען מיטן מויל, און מיט דער האַנט גיט מען צדקה, העלפט מען יידן, נישט פאַרקערט...

## „לא אלמן ישראל"

איז אַן אָנגענומען וואָרט אין פאָלקלאָר פון יידישן פאָלק. ווייל „אורייתא, קוב"ה וישראל — חד", איז אַזוי ווי ג־ט און זיין זיין תורה איז אייביק — קען דאָך ישראל, די „כנסת ישראל", נישט זיין קיין אלמן...

## זה השלחן לפני ד'

אז א ייד עסט ווי א ייד, מאכט א ברכה ווי א ייד, בענטשט ווי א ייד, איז ער מעלה דאָס עסן צו דער מדרגה פון „מבשרי" — פון דעם וואָס כ'גיב עסן מיין „בשרי" — „אחזה אלוקי" — זע איך, אז עס איז דאָ א ג־ט אויף דער וועלט. „מאן דיהיב חיי — יהיב מזונא", דער רבונו של עולם, וועלכער גיט דעם מענטש לעבן, גיט אים צום לעבן... דאָס איז די מדרגה פון זה השלחן לפני ד'...

## קודם כל קלייבט אויס אַ גוטן רב

מען דערציילט, אז אין א שטאָט איז אויסגעבראָכן א מחלוקת, ווען אויסצוקלייבן פאר א רב, א חסיד פון איין רבין, אָדער פון א צווייטן רבין. איז געקומען א פּאָרשלאָג צו וואַרפן גורל. דאָך האָבן זיי באַשלאָסן צו פרעגן דעם ראדזינער רבין, דעם „ארחות־חיים" (ביידע רבנים זיינען נישט געווען קיין ראדזינער חסידים).

האָט דער „ארחות חיים" געזאָגט: קודם כל קלייבט אויס דעם פּאַסיקן רב, דערנאָך וועט איר וואַרפן גורל: צו וועלכן רבין ער זאָל פאָרן...

## שכר ועונש אויפן רצון

אײדער דער מענטש קלייבט אויס, איז א בוחר, צי ער זאָל גיין אין גוטן וועג, אָדער חס ושלום פארקערט, צי ער זאָל טאָן

גוטס אָדער פאַרקערט, איידער ער באַשטימט וואָס ער זאָל טאָן — איז קודם כל די פראַגע, וואָס וויל דער מענטש. וויל ער גוטס, צי וויל ער שלעכטס. לויט דעם רצון זיינעם, באַשליסט ער וואָס צו טאָן.

דער רצון איז פאַר דער מעשה. דער רצון איז מכוון די מעשה.

דאָס איז דער טייטש „בדרך שאדם רוצה", קודם כל איז די פראַגע פון „רוצה".

דאָס זאָגן די חז"ל: הבא ליטהר מסייעין אותו, וויל דער מענטש גוטס, און לויט דעם רצון קומט ער זיך מטהר זיין — העלפט אים דער רבונו של עולם צו, „הבא ליטמא" — איז דער רצון צו ליגן אין דער טומאה און קומט זיך מטמא זיין — עפנט מען פאַר אים די טויערן פון טומאה.

ביי גוטס — העלפט דער רבונו של עולם, צום שלעכטן — שטערט נישט דער רבונו של עולם, ווייל דער מענטש האָט בחירה.

קומט דאָך אויס, אַז ווען דער רבונו של עולם וואָלט נישט געהאָלפן דעם מענטש טאָן גוטס, וואָלט ער נישט געטאָן גוטס, טראָץ דעם רצון; וואָלט מען נישט געעפנט די טויערן פון שלעכטס — וואָלט ער נישט געטאָן שלעכטס, טראָץ דעם רצון, איז פאַר וואָס קומט אים שכר ועונש?!

איז דער תירוץ — שכר ועונש קומט אים אויף דעם רצון זיינעם... וואָס ער האָט געוואָלט.

אויף דעם איז מרמז דער מאמר: „אין לך דבר העומד בפני הרצון". אויפן רצון פון מענטש שטייט אים קיינער נישט אין וועג. אויפן רצון איז ער אַליין בעל הבית.

## נישט אויפן שפּיץ מעסער

אַן עדה חסידים קען מען נישט פירן אויפן שפּיץ מעסער. מען דאַרף נעמען דעם גאַרטל און מאַכן פון דער גאַנצער עדה איין שלימות, אגודה אחת, דאַן קען מען מען ברענגען די עדה „לעשות רצונך בלבב שלם".

## מען דאַרף גיין אַרויף — אפילו ווען מען קען נישט

די וועלט זאָגט, אַז מען קען נישט אַריבער, גייט מען אַרונ־טער. אין איזשביצע־ראַדזין האָט מען געזאָגט:

אַז מען קען נישט אַריבער, אַז מען קען נישט גיין אַרויף, איז אַ סימן, אַז דער רצון אַרויפצוגיין, אַריבערצוגיין איז נאָך נישט גאַנץ. דעריבער דאַרף מען שטאַרקן דעם רצון, עס זאָל נישט בלייבן קיין איין אבר אין גוף, קיין איין האָר אויפן קאָפּ, קיין איין נקודה אין נפש — אין דעם ווילן אַרויפצוגיין העכער, אַריבערצוגיין די שטערונגען. און אויב דער גאַנצער מענטש, מיט אַלע זיינע רמ"ח אברים ושס"ה גידים, מיט זיין גאַנצער נשמה וויל — קען קיין שום זאַך נישט אָפּהאַלטן צו גיין אַרויף, צו גיין אַריבער.

דאָס איז אויך דער מיין פון: „אין לך דבר העומד בפני הרצון".

## דער קוואַל פון קדושה

ארץ ישראל איז דער קוואַל, דער מעיין פון קדושה אויף דער וועלט; דאָס יידישע פאָלק איז דער מקור און קוואַל פון קדושה אין דער מענטשהייט; די תורה איז דער מקור, קוואַל

און „תשתית", פונדאמענט, פון קדושה אין דער בריאה, ווי די חז"ל זאָגן אונז, אז דער רבונו של עולם האָט אריינגעקוקט אין דער תורה און באשאפן די וועלט.

ווען די אלע דריי זאכן זיינען פאראייניקט: ארץ ישראל, עם ישראל און תורת ישראל — ווערט נתגלה די קדושה עליונה, פון רצון הבורא אין דער בריאה.

## „ודבק לבנו במצוותיך"

מיר בעטן „ודבק לבנו במצוותיך", ווייל נאָר דורך די מצוות קען מען זוכה זיין „ליחד לבבנו לאהבה וליראה את שמך". אָן מקיים זיין מצוות — איז נישטאָ די מעגלעכקייט צו זיין מקושר צום רבונו של עולם און מקיים זיין דעם „הדבק במדותיו". מהו רחום, אף אתה רחום וכו'. אָן תורה מצוות קען דער מענטש נישט דערגרייכן צו זיין א רחום.

## דער „גאָלדענער וועג"

„שביל הזהב", „דרך אמצעי", מיינט נישט נעמען אביסל פון רעכטס און אביסל פון לינקס. ווער עס פרוווט דעם וועג, האָט ער פון ס'זייניקע גאָרנישט, נאָר ער נעמט פון אנדערע, ער מאכט־נאָך אנדערע.

„שביל הזהב" הייסט, זיך האלטן ביים שורש, ביים מקור, נישט קוקן אין די זייטן. די זייטן־וועגן זיינען נאָר ענפים, צווייגן. זייגן זיי נישט פון שורש, פון קוואל — טריקענען זיי מיט דער צייט אוים.

שביל הזהב הייסט יונק זיין פון שורש, פון מעיין־חיים...

## אַ בעל תשובה דאַרף קודם כל זיך מתקן זיין

א בעל תשובה, וועלכער הייבט אָן תשובה צו טאָן דורך דעם וואָס ער וויל אַנדערע מתקן זיין, פאַרגעסט דערווייל, איז מסיח־דעת פון מתקן זיין זיך קודם כל.

## אהבת ישראל

דריי מדרגות זיינען דאָ אין אהבת ישראל: ליב האָבן יעדן ייד, דעם פרט; ליב האָבן דעם כלל ישראל און ליב האָבן די גאַנצע בריאה; דער וועג צו די דריי אהבות פירט פון אהבת ד'.

## אהבת ישראל פון רבונו של עולם

איידער מיר זאָגן „שמע ישראל", זאָגן מיר „הבוחר בעמו ישראל באהבה". דאָס וואָס דער רבונו של עולם האָט אונז אויסגעקליבן באהבה פון כל אומה ולשון, האָט דער רבונו של עולם אונז געמאַכט פאַר אַן עם סגולה, אַז מיר זאָלן זיך קענען מוסר נפש זיין אויף: „שמע ישראל ד' אלוקינו ד' אחד".

## צייט פון נגלה, צייט פון נסתר

דער לעצטער ראַדזינער רבי זצ"ל (הי"ד) האָט געזאָגט: אין דער צייט פון בעל שם טוב הקדוש איז די וועלט געווען פול

מיט תורת הנגלה — האָט מען גערדאַרפט משלים זיין דעם נגלה מיט דער תורת הנסתר, איצט איז געקומען די צייט ווידער צו פאַרשטאַרקן דעם עמוד התורה צוזאַמען מיט דער פנימיות פון דער תורה.

ביידע זאַכן האָט דער רבי פאַראייניקט אין די ישיבות „סוד ישרים", וועלכע ער האָט געגרינדעט אין פוילן פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה: דער סוד פון אונזער קיום איז די תורה, דער סוד פון דער תורה איז „ישרים דרכי ד'". ביידע זאַכן זיינען דער יסוד פון חסידות.

(געהערט אַליין פון רבין זייענדיק אין וואַרשע פאַרן אויסברוך פון צווייטן וועלט־קריג).

## „וראית את אחורי"

„וראית את אחורי ופני לא יראו". דער מענטש קען נאָר זען, פאַרשטיין, מגלה זיין, אַלץ וואָס איז נאָך דער בריאה, „אחורי", אָבער נישט „לפני", וואָס עס איז געווען פאַר „בראשית".

אתה הוא משנברא העולם ואתה הוא עד שלא נברא העולם.

## עשה דוחה לא תעשה

„סור מרע" קען זיין דורך „ועשה טוב". נישט טראַכטן וועגן רע. „עשה — דוחה לא תעשה".

## מיד און אויסגעמאַטערט

„ואתה עיף ויגע", ווייסטו פאַרוואָס? — ווייל „ולא ירא אלוקים". איז מען אַ ירא־אלוקים, ווערט מען נישט מיד און מען איז נישט אויסגעמאַטערט.

אי, עס שטייט דאָך, אַז די תורה שוואַכט אָפּ דעם כוח פון מענטש, תורה מתשת כוחו של אדם? נאָר דאָרט איז דער פשט: די תורה שוואַכט אָפּ ביים מענטש דאָס אַריינרעדעניש פון „כוחי ועוצם ידי".

## מצוות לעתיד לבוא

די חז"ל זאָגן „מצוות בטילות לעתיד לבוא", היתכן? די תורה און מצוות זיינען דאָך נצחיות? איז דער תירוץ: די תשוקה זיך מתחבר צו זיין צום רבונו של עולם דורך מקיים זיין תורה און מצוות, וועט זיין אַזוי שטאַרק, אַז דער מענטש וועט גאָר נישט פילן אַז דאָס זיינען „מצוות", געבאָטן, וועלכע ער איז מקיים, ווייל עס איז אַ „צו", אַ געבאָט, נאָר ער וועט מקיים זיין מצוות פון גרויס בענקשאַפט און תשוקה צו זיין נאָענט צום רבונו של עולם אין דער בחינה פון „ואני קרבת אלוקים לי טוב".

## „ביום הזה יכפר עליכם"

„כי ביום הזה (אין יום כיפור) יכפר עליכם", ווי אַזוי? — אויב „לפני ד' תטהרו", אויב איר וועט זיך מטהר זיין לפני ד'.

## על מנת

די חז״ל זאָגן אונז: ״אל תהיו כעבדים המשמשים את הרב על מנת לקבל פרס״. על מנת — הייסט א באַדינג. אויב נישט קיין פרס וועט ער נישט מקיים זיין תורה ומצוות, דאָס איז פסול. אָבער כדי לקבל פרס — אוודאי און אוודאי. די תורה זאָגט דאָך צו שכר.

## סיג לחכמה

שווייגן איז א צוים פאַר חכמה. דער וואָס שווייגט — לערנט נישט, פרעגט נישט — ממילא ווייסט ער נישט, און די חכמה איז ווייט פון אים.

„סייג״ איז נישט קיין מעלה פאַר חכמה, נאָר א חסרון.

(געהערט פון הרב פיטערמאַן — א וואָרט פון איזשביצער־ראַדזינער בית המדרש)

## זעען און בלייבן שטיין ?!

א חסיד פון „בית יעקב״ האָט דערציילט דעם רבין, אַז ער איז געווען אין אָדעס און געזען א שיף, וועלכע איז אָפּגעפאָרן קיין ארץ־ישראל.

האָט דער „בית יעקב״ אים געפרעגט מיט התרגשות, מיט נערירטקייט:

דו האָסט עס געזען מיט די אייגענע אויגן און האָסט געהאַט כוח דיך צו באַהערשן צו בלייבן שטיין פונדערווייטנס...

## אַ גוטער ייד...

אַ גוטער ייד, האָט געזאָגט דער „בית יעקב", איז דער וואָס עסט גוט, טרינקט גוט און שלאָפט גוט און ביי דעם אַלעם איז ער מכוון לשם שמים. ער דינט דעם רבונו של עולם ביים עסן, טרינקען און אפילו ביים שלאָפן געדענקט ער: „בידך אפקיד רוחי"...

## די קעגנערשאַפט צו איזשביצע

דער סאָכאַטשאָווער רבי, דער „שם משמואל", אַ זון פון „אגלי־טל", דעם קאָצקער רבינס איידעם, שרייבט אין ספר „שם משמואל" (פרשת מצורע רלט, „בטור"), אַז דער אַלטער סאָכאַטשאָווער רבי, דער „אגלי־טל", האָט געזאָגט: דאָס וואָס בשעת דער מחלוקת פון איזשביצע האָט דער „חידושי הרי"ם" נישט רעאַגירט ווי גע־העריק — ווייל ער האָט מורא געהאַט אַז אין דער קעגנערשאַפט צו איזשביצע זאָל נישט זיין פאַרמישט קנאה, פון „אי־אפשר לשני מלכים שישתמשו בכתר אחד"...).

ר' פנחס זעליגמאַן פון די סאָכאַטשאָווער חסידים שרייבט אין „תפארת אדם", העפט 1, לאָדזש, אַז דער סאָכאַטשאָווער רבי, דער „אבני נזר" האָט געזאָלט ענטפערן: ווייל עס איז נישט קלאָר געווען, צי מען איז קעגן דער איזשביצער שיטה, צי מען איז איר מקנא...".

*
**

קלאָר איז, אַז דער „מי השילוח" האָט געהאַלטן דעם קאָצקער

רבין פאַר אַ גאון און צדיק, וואָס נישט יעדער קען צוקומען צו אַזאַ הויכער מדרגה.

אויך דער קאָצקער רבי האָט געהאַלטן דעם מי השילוח פאַר אַ קדוש וטהור, ווען ער האָט באַגלייט, ווען ער האָט פאַרלאָזט קאָצק.

אויך די מחלוקת צווישן ראַדזין און גער כביכול איז געווען נאָר צווישן די נעבן־מענטשן. דער „ארחות חיים" שרייבט אויפן שפת אמת — הגאון, הצדיק, הנשגב והקדוש (סוד ישרים על התורה).

* *
*

זאָלן מיר מסיים זיין, אַז דער זכות פון איזשביצע־ראַדזין זאָלביישטיין די אַלע וועלכע זיינען ממשיך, וועלכע זיינען זיך משתדל ממשיך צו זיין דאָס איזשביצער־ראַדזינער חסידות, און פאָרזעצן דאָס פאַרבן פון תכלת אין ארץ ישראל.

אמן, כן יהי רצון.

# דאַטעס

1) רבי מרדכי יוסף ליינער, דער גרינדער פון איזשביצער חסידות — „מי השלוח".
געבוירן היתק"ס, נפטר געוואָרן ז׳ טבת היתרי"ד.

2) ר׳ יעקב, זון פון „מי השלוח", אָנגעהויבן פירן אין איזשביצע און שפּעטער אין ראדזין — „בית יעקב".
געבוירן היתקפ"ח, נפטר געוואָרן ט"ו מנחם אב היתרל"ח.

3) ר׳ גרשון חנוך הענעך, זון פון „בית יעקב", געפירט אין ראדזין — „ארחות חיים".
געבוירן היתקצ"א, נפטר געוואָרן ד׳ טבת היתרנ"א.

4) ר׳ מרדכי יוסף אלעזר, זון פון „ארחות חיים", געפירט אין ראדזין, שפּעטער אין וואַרשע — „תפארת יוסף".
געבוירן אין היתרכ"ה, נפטר געוואָרן כ"ו שבט היתרפ"ט.

5) ר׳ שמואל שלמה (הי"ד), געבוירן י"ח שבט היתרס"ה, דערמאָרדעט געוואָרן דורך די דייטשן־היטלעריסטן אין וולאדאווע, כ"ט באייר, ער"ח סיון היתש"ב. געפירט אין וואַרשע. שפּעטער אין ראדזין.

